פאַרלאַג פון יידישן געגנט=קאָמיטעט אויף צו העלפן די קרבנות
פון מלחמה. ווילנע.

געז. צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג („אָזע״).

# מאָזלען.



דרוקעריי ב. ציונסאָן און קאָמפּ., טראָקער גאַס 13.
ווילנע, 1920.

# מאָזלען.

מאָזלען איז אַן אָנשטעקענדיקע קרענק, וואָס הייבט זיך אָן מיט היץ, מיט אַ הוסט און אַ קאַטער. די אויגן ווערן רויט און אויפ'ן גאַנצן קערפּער באַווייזט זיך אַן אויסשלאג פון קליינע רויטע פלעקן.

די אָנשטעקונג פון דער קרענק טראָגט זיך איבער לייכט פון קראַנקן צו געזונטע. יעדער מענטש אין יעדער עלטער קאָן קראַנק ווערן אויף מאָזלען, אָבער דערוואַקסענע באַקומען די קרענק זייער זעלטן, ווייל דאָס רוב מענטשן האָבן איר שוין געהאַט קינדווייז און ווער עס האָט שוין איינמאָל איבערגעקרענקט אויף מאָזלען, ווערט נאָר זעלטן קראַנק אַ צווייטן מאָל. קינדער ביים ברוסט—ביז אַ האַלב יאָר—נעמען זיך אָן זעלטענער, ווי עטוואָס עלטערע קינדער.

ווען עס טרעפט זיך, אַז אַ געזונטער קינד געפינט זיך צוזאַמען אין איין צימער אָדער אַפילו אין איין דירה מיט אַ קראַנקן אויף מאָזלען, נעמט ער זיך געוויינלעך אליין אויך אָן די קרענק. אין אַ טאָג 9—10 נאָכדעם הייבט ער אָן צו ברענען, ניסן און הוסטן, עס איז אים שווער צו קוקן אויפ'ן שיין, אין מויל און

אין האַלז באַווייזט זיך אַ רויטקייט. נאָך אין 3—4 טעג שפּעטער באַווייזט זיך אַן אויסשלאָג — פון אָנהויב אויפ'ן פּנים, נאָכדעם גייט עס איבער ביסלעכווייז אויפ'ן קערפּער, אויף די הענט און פיס. דער קאַטער און דער הוסט ווערן שטאַרקער, די אויגן ווערן פול מיט טרערן און אייטער. דער אויסשלאָג און די היץ גייען איבער אין עטלעכע טעג אַרום, אָבער דער הוסט און דער קאַטער האַלטן זיך געוויינלעך אַ וואָך און אַ מאָל גאָר צוויי. נאָך דעם אויסשלאָג פאַרבלייבן ברוינלעכע פלעקן; די הויט הויבט זיך אָן צו שיילן, ווי מיט קלייען. דאָס רוב נעמט נאָכדעם די קרענק אַ סוף און דאָס קינד ווערט געזונט, אָבער ניט זעלטן טרעפט זיך, אַז מאָזלען ענדיגט זיך ניט אַזוי גליקלעך און ביים קינד ווייזט זיך אַרויס נאָך אַן אַנדער קרענק, פון וועלכער עס קאָן שטאַרבן, למשל, אַ לונגען-אַנטצינדונג (אַ שטאַרקער הוסט, היץ, אַ שוואַכער אָטעם). דאָס טרעפט זיך עפּטער, ווען עס ווערט קראַנק אויף מאָזלען אַ קינד, וואָס איז שוין פאַרדעם געווען שוואַך און אויסגעקרענקט. נאָך מער איז געפערלעך פאַר אַ קראַנקן אויף מאָזלען, ווען ער ווערט קראַנק דערצו אויף דיפטעריט אין האַלז. דער קראַנקער הייבט אָן צו הוסטן מיט אַ גראָבן הילכיקן הוסט און זיך צו שטיקן. ניט זעלטן ברענגט מאָזלען אַריין אין סוכאָטע, פון וועלכער דאָס קינד קאָן שטאַרבן.

בכלל, איז מאָזלען ניט קיין זייער געפערלעכע קרענק נאָר פאַר שטאַרקע עלטערע קינדער.

אָבער ניט זעלטן באַווייזן זיך אין מאָזלען אפילו ביי שטאַר-

קע קינדער וואונדן אין מויל, די אויגן הייבן אָן אַזוי שטאַרק צו אייטערן, אַז זיי קלעפּן זיך צוזאַמען פון אייטער און פון די אויערן רינט אויך אייטער. דאָס טרעפט זיך לייכטער, ווען מען פּאַסט ניט אויף דעם קראַנקן ווי געהעריק.

פאַרן קראַנקן קינד איז נייטיק מער ווי אַלץ ריינקייט און פרישע לופט. מען דאַרף ניט מורא האָבן צו וואַשן און אויסצוווישן אין מאָזלען די קינדער מיט לעבלעכע וואַסער, זיי אויסוואַשן דאָס מויל און די אויגן מיט ריינע איבערגעקאָכטע וואַסער. ביי קלייניקע קינדער דאַרף מען עטלעכע מאָל אַ טאָג פאָרזיכטיק אויסווישן דאָס מויל מיט אַ ריינע ווייכע טיכעלע אָדער מיט וואַטע, וואָס מען נעצט אַיין אין איבערגעקאָכטע אָפּגעקילטע וואַסער, אָבער פאַר דעם מוז מען אויסוואַשן גוט מיט זייף די אייגענע הענט, כדי מען זאָל ניט אַריינברענגען דעם קראַנקן אין מויל עפּעס אַן אַנדער אָנ־שטעקענדיקע קרענק. עלטערע קינדער הייסט מען אָפּט שווענקען דאָס מויל און די האַלז מיט ריינע לעבלעכע וואַסער.

מען מוז נאָכזעען, אַז די בעט און די וועש פון קראַנקן זאָלן אויך זיין ריין. איבערהויפּט איז וויכטיק פאַרן קראַנקן, אַז די לופט אין צימער, וואו ער ליגט, זאָל זיין ריין. דעריבער מוז מען עפטער אויסלופטערן דאָס צימער. מען קאָן עפענען אַ פענ־סטער, נאָר פאַרדעם גוט אַיינדעקן דעם קראַנקן, אָדער אַריבער־טראָגן דעם קראַנקן דערווייל אין אַן אַנדער צימער.

דאָס צימער, וואו דער קראַנקער ליגט, דאַרף מען עטוואָס

פאַרטונקלען, פאַרהעגנגענדיק מיט וואָס עס איז די פענסטער, ווייל דאָס קינד קען ניט קוקן אויף דער שיין צוליב דער קראַנקהייט פון זיינע אויגן.

כדי דאָס קינד זאָל ניט ווערן אָפּגעשוואַכט, דאַרף מען אים גייטן צום עסן—דאָס בעסטע איז אים געבן מילך טרינקען. זייגע־דיקע קינדער ביז צום יאָר דאַרף מען געבן די ברוסט, עלטערע קינדער קען מען געבן אויך אַ ביסל קאַשקע, ווייכע אייער און אַנדערע לייכטע עסנס. מען טאָר אָבער ניט געבן קיין שווערע עסנס למשל: אוגערקעס, קרויט, וואורשט, און דאָסגלייכן, ווייל אין מאָזלען טרעפט זיך אָפט אַ לייזער מאָגן. צום שטילן דעם דאָרשט קאָן מען געבן אויסער מילך אויך איבערגעקאָכטע וואַסער און טיי.

פון דאָס, וואָס איר האָט דאָ געהערט, איז קלאָר, אַז מאָז־לען איז ניט אַלע מאָל קיין לייכטע קרענק. דעריבער דאַרף מען זעען צו פאַרהיטן די קינדער פון אָנשטעקן זיך, איבערהויפּט קליינע,־שוואַכע און אויסגע־קרענקטע קינדער, ווייל פאַר זיי קאָן מאָזלען ווערן אַ גע־פערלעכע קרענק. אָבער לײדער גיט זיך דאָס ניט אַיין אַלע מאָל, ווייל די מאָזלען־אָנשטעקונג גיט זיך איבער זייער לייכט און, צווייטנס, קאָן דאָס קינד, וואָס האָט זיך אָנגענומען מיט מאָזלען, איבערגעבן אַן אַנדערן די קרענק אפילו דאַן, ווען אויפן קערפּער איז נאָך ניטאָ נאָר קיין אויסשלאָג און מען ווייס נאָך גאָר ניט, אַז עס איז שוין קראַנק אויף מאָזלען.

יעדענפאַלס מוז מען אָפּזונדערן פון קראַנקן קינד אַלע

קינדער, וואָס האָבן נאָך פאַרדעם קיין מאָל ניט געקרענקט אויף מאָזלען — דאָס בעסטע איז זיי אַריבערפירן אין אַן אַנדער הויז, וואו עס איז ניטאָ קיין קינדער. די געזונטע קינדער, וואָס מען האָט אָפּגעזונדערט פון קראַנקן, מוז מען אָבער ווייניקסטנס צוויין וואָכן ניט צולאָזן צו אַנדערע געזונטע קינדער, מען דאַרף זיי אויך ניט לאָזן גיין אין חדר אָדער אין שול, ווייל אין משך פון די ערשטע צוויי וואָכן קאָן זיך ביי זיי אויך אַרויסווייזן מאָזלען.

דאָס קראַנקע קינד, וואָס איז געזונט געוואָרן נאָך מאָזלען קאָן מען אַרויסלאָזן צו אַנדערע קינדער אָדער אין חדר ניט פריער ווי אין פיר וואָכן אַרום, נאָכדעם ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן דער אויסשלאָג אויפ׳ן קערפּער, ווייל אין די גאַנצע צייט קאָן עס נאָך אָנשטעקן אַנדערע געזונטע קינדער. חוץ דעם, מוז מען געדענקען, אַז איידער מען לאָזט דאָס קינד אַרויסגיין אויפן גאַס, דאַרף מען אים מאכן עטלעכע וואנעס.



פאַרלאַג פון יידישן געגנט-קאָמיטעט אויף צו העלפן די
קרבנות פון מלחמה. ווילנע.
געז. צו פאַרהיטן דאָס געזונט פון דער יידישער באַפעלקערונג („אָזע“).

# דיזענטעריע.



דרוקעריי ב. ציונסאָן און קאָמפ., טראָקער גאַס 13.
ווילנע, 1920.

# דיזענטעריע.

יעדער האָט אַוודאי געהערט וועגן דיזענטעריע און ניט ווייניק האָבן געהאַט די חלאת. די קרענק קען טרעפן דעם מענטשן אין יעדער צייט, נאָר ס׳רוב פאַלט זי אָן אין די הייסע זומער־חדשים, און אַלץ איינס סיי ביי קליינע קינדער, סיי ביי דער־וואַקסענע.

דיזענטעריע נעמט זיך פון אַזאַ מין אָנקלע־פּעניש, און ס׳איז אַ גרויסע סברה ביי די דאָקטוירים, אַז די אָנשטעקונג געפינט זיך אומייסטנס אין די אויבערשטע שיכטן (סלאָיען) פון דער ערד, אין דעם ערדבאָדן, און אויך אינם וואַ־סער. דער גיפט איז אַ לעבעדיקע זאַך, און ווי יעדע לעבעדיקע זאַך פּרוכפּערט ער זיך, און פּרוכפּערן אין דער ערד קען דער גיפט זיך נאָר, בשעת די ערד איז וואַרים און פייכט. אָט דערי־בער מאַכט זיך די קראַנקהייט ס׳רוב טאַקע זומער־צייט.

אויב די אָנשטעקונג האָט זיך ווי־ניט־איז (מיט אַ טרונק וואַסער אָדער מיטן עסן) אַריינגעכאַפּט, חלילה, צום מענטשן אין די געדערים (קישקעס), קען ער באַקומען דיזענטעריע. פון דעם קאַל פון אַזאַ קראַנקן קענען זיך אָנגעמען די געזונטע. דער חולה

פאַרשמוצט מיט זיין קאַל דאָס וועש און אַנדערע זאַכן, און די געזונטע, וואָס זיינען נאָענט צום קראַנקן, אויב זיי וועלן זיך ניט פירן ריין און ציכטיק, קענען זיך אָננעמען מיט דער קרענק.

אַז מען וואשט אָדער מען שווענקט דאָס ברודיק, אומריינע וועש ביים טייך אָדער ביים ברונען, קען די אָנשטעקונג אַריינקומען פונם וועש אין וואַסער, און טרינקען אַזאַ וואַסער איז שוין אַ סכנה.

## די סימנים פון דער חלאת.

ס׳רוב הייבט זיך די קרענק אָן מיט אַ לייזן מאָגן, דעם חולה טרייבט, און דער בויך טוט אים וויי. גיך באַווייזט זיך ביים קראַנקן היץ, ער פילט זיך אָפגעשוואַכט און אַמאָל האָט ער קאָפּוויטאָג. נאָך אַ טאָג-צוויי ווערט דער מאָגן נאָך לייזער, דאָס טרייבן אָפטער, און דאָס אַרויסגיין גייט צו מיט שמערצן. דער קראַנקער הייבט זיך שטאַרק אָן צו קוועטשן, און דער קאַל ווערט וואָס אַ מאָל ווייניקער און ווייניקער. ער באַשטייט דעמאָלט פון אַזאַ מין ווייס-געלבלעכן סליז (שליים). וואָס ווייטער מוז דער קראַנקער אַלץ אָפטער זיך זעצן אויפן שטול, אינם שליים באַווייזט זיך בלוט, אָדערלעך-ווייז אָדער ריין בלוט, צום סוף באַווייזן זיך הייטלעך און אייטער אין דעם קאַל.

אויב דעם קראַנקן ווערט בעסער, הערן זיך אויף ווייזן אין דעם קאַל די הייטלעך, דאָס בלוט און דער שליים. דאָס טרייבן ווערט זעלטענער, און דער חולה ווערט געזונט. אויב אָבער די קרענק שטאַרקט זיך, ווערט דער קראַנקער אָפּגעצערט, דער פּנים ביי אים פאַלט אַיין, דער דאָרשט מאַטערט אים, די וויטאָגן איז אוממיגלעך אויסצוהאַלטן, די קרעפטן פאַלן, און דער קראַנקער שטאַרבט.

**ווי אַזוי קאָן מען זיך אָפּהיטן פון דער די־זענטעריע?** מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, אַז די אָנשטעקונג גייט איבער צום מענטשן אומייסטנס דורכן עסן אָדער טרינקען, אויב מען איז אומריין געוואָרן פון דעם קאַל פון אַ קראַנקען. דעריבער ווען ס׳געפינען זיך אין שטעטל קראַנקע אויף בלוט־שלשול, מוז מען זעען, אַז זייער וועש זאָל ניט געוואַשן און ניט געשווענקט ווערן ביים טייך אָדער ביים ברונען. דאָס וועש דאַרף פריער געזאָדן ווערן אין לויג, דערנאָך דאַרף מען דאָס וואַשן און שווענקן אין דערהיים אין אַ באַזונדער כלי. אַרויסגיין דאַרפן די קראַנקע אין אַ באַזונדער טאָפּ אויך מיט לויג, און דער קאַל טאָר ניט אַרויסגעגאָסן ווערן וואו־ניט־איז אין הויף אָדער אין גאַס. מען דאַרף אין טאָפּ מיט דעם קאַל אַריינגיסן זודיקן לויג אָדער נאָך בעסער ניט אויסגעלאָשענעם קאַלך, נאָר־וואָס צעפירט און צעמישט מיט וואַסער, און אויסגיסן דאָס אינגאַנצן דאַרף מען אין אַ זייט, אין אַ טיפן גריבל, און באַשיטן דאָס גריבל דאַרף מען מיט אַש, אָדער נאָך אַ מאָל מיט ניט אויסגעלאָשענעם קאַלך.

פאַרן מענטשנס געזונט איז בכלל נייטיק, אַז דאָס וואַסער, וואָס ער טרינקט, זאָל זיין ריין פון בלאָטע און אַנדערע שמוצי־קייטן. בפרט דאַרף מען זיך היטן פון אומריין וואַסער בשעת אין געגנט געפינען זיך קלעפּיקע קראַנקהייטן, ווי, צ. ב. ש., דיזענטעריע. כדי די אָנשטעקונג זאָל ניט קומען מיט דער בלאָטע צוזאַמען אין ברונען, דאַרף געמאַכט ווערן ביים ברונען אַ בערגל פון ליים, אומגעפּעפער פון אַ האַלב אַרשין אין דער הויך און אַ קלאַפּטער אין דער לענג, און פאַרברוקירט דאַרף דאָס ווערן מיט שטיינער. ביי יעדן קהלשן ברונען דאַרף הענגען אַ קהלשער עמער, כדי קיינער זאָל ניט דאַרפן שלעפּן וואַסער מיט זיין אייגענעם עמער.

דאָסגלייכן דאַרף מען זעען ניט צו פאַרשמוצן די טייכן, האַלטן ריין די הויפן, די גאַסן און די הייזער. די תורה און די חז"ל האָבן מיט טויזנטער יאָרן צוריק געוואוסט, ווי וויכטיק ס'איז פאַרן מענטשנס געזונט, אַז ער זאָל זיך פירן ריין און ציכטיק, און האָבן אונז אָנגעזאָגט וואַשן די הענט און מקיים זיין די מצווה פון נטילת ידים. ווען אונזערע חכמים זאָלן געוועזן וויסן פון זייך-וואָלטן זיי אוודאי געהייסן, ווי די דאָקטוירים הייסן היינטיקע צייטן, פאַר יעדער עסן וואַשן די הענט מיט זייף. בפרט מוז דאָס טאָן יעדער, וואָס האָט זיך צוגערירט צום קראַנקן אָדער צו זיינע חפצים.

דער וואָס האָט אַ פראָסטן לייזן מאָגן קען אַמגרינגסטן שלאָף ווערן אויף דיזענטעריע אויך. און אַזוי ווי דיזענטעריע טרעפט דעם מענטש ס'רוב פון גרינס, דאַרף מען דעריבער אין די הייסע זומער-חדשים עסן וואָס ווייניקער רויע גאָרטן-גרינסן (אוגערקעס א. ד. ג.) און דאָסגלייכן גרינע, ניט-פאַרטיקע פרוכטן, ווי עפל, באַרן א. ד. ג. וואַסער דאַרף מען טרינקען נאָר גע-זאָדענע.

וואָס דאַרף מען טאָן ביי דיזענטעריע? קודם, דאַרף מען באַלד שיקן נאָך אַ דאָקטאָר, און אויב ער הייסט זיך לייגן אין שפיטאָל, זאָל מען פאָלגן, ווארים וואָס פריער מען פאַרכאַפּט די קרענק, אַלץ גרינגער און גיכער קען מען זי גובר זיין און אויסהיילן זיך.

אויב דער קראַנקער איז געבליבן אין דער היים, טאָר ער ניט אַרומגיין, ער דאַרף ליגן אין בעט. דאָס צימער, וואו ער ליגט, דאַרף וואָס אָפטער געלופטערט ווערן. דעם קראַנקנס בעט איז אַמבעסטן אויסבעטן מיט שטרוי (אָדער היי) און באַדעקן מיט

אַ ריינעם לײלעך. די שטרוי מוז נאָכדעם פאַרברענט ווערן. אונ־טערלייגן פערינעס און אַנדערע ווייכע זאַכן איז אַ סכנה, וואָרים זיי קענען באַשמוצט ווערן מיט דעם קאל פונם קראַנקן.

אויב דער קראַנקער האָט גרויסע ווייטאָגן, איז גוט צולייגן צום בויך אַ טרוקענע און וואַרימע שטיק פלאַנעל אָדער אַן אַנדער ענלעכע זאַך.

שפייזן דעם קראַנקן דאַרף מען מיט פרישער מילך אונטער דער בהמה, אָדער מיט אָקאָרשט געזאָדענער מילך, מיט שיטערע אויף מילך געקאָכטע גרויפּן. אויך קען מען געבן אַ פריש לייז איי און פלייש־יוך, ניט קיין פעטע. טרינקען זאָל דער קראַנקער געזאָדענע וואַסער אָדער טיי. האַרטע שפייזן ווי, למשל, פלייש, ברויט, גאָרטנזאַכן טאָר מען ניט עסן.

אַז דעם קראַנקן ווערט בעסער, דאַרף ער די ערשטע טעג זיך שפייזן, ווי פריער איז געזאָגט געוואָרן, דערנאָך ביסלעכווייז קען מען אים שוין אָנהייבן געבן אַ פראָסטן (ניט קיין פוטער־געבעקס) שטיק ווייסברויט, בעסער אײנגעווייקט אין טיי. דערנאָך ניט־פעט פלייש, ביז דעם קראַנקן וועט ווערן גאָר גוט, דעמאָלט קען ער שוין עסן געוויינלעכע מאכלים.

ברוסט־קינדער ביי דער קרענק דאַרף מען געבן נאָר די ברוסט, אָדער געזאָדענע מילך מיט וואַסער צעפירט. ווי אַזוי צע־פירן די מילך, וועט דערציילט ווערן באַזונדער.

